— בְּרוּדֶער, לִיבֶּער בְּרוּדֶער. הָאבּ נִיט קֵיין עַגְמַת נֶפֶשׁ פַאר מִיר אוּנ נִיט פַאר זִיךְ. דֶערְמָאן דִיךְ דִי גְלִיקְלִיכֶע טֶאג, וֶועלְכֶע מִיר הָאבֶּען עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג פֶערְבְּרַאכְט צוּזַאמֶען אִין קְלֵיינֶעם הַייזֶעל אִין נֵיילִי. אִין אוּנְזֶערֶע הֶערְצֶער הָאט דַאמָאלְס ווִיעדֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיפְבְּלִיהֶען דִי אַמָאלִינֶע לִיעבְּשַׁאפְט; שְׁטוּנְדֶען־לַאנְג זַיינֶען מִיר גֶעזֶעסֶען אוּנ דֶערְמָאנְט דִי פַארְגַאנְגֶענֶע יָאהרֶען אוּנ גֶעלִיעבְּט אֵיינֶער דֶעם צְוֵייטֶען... אוּנ וֶועלְכֶען שְׁרֶעקְלִיכֶען וְדוּי הָאסְטוּ אֵיינְמָאל אִין אָוֶענְד פַאר מִיר גֶעזָאגְט וֶועגֶען דַיין ווִיסְט לֶעבֶּען, ווִי דוּ הָאסְט פַארְלוֹירֶען דַיין אֱמוּנָה, ווִי דוּ מוּטְשֶׁעסְט דִיךְ אוּנ פַאלְלְסְט אִין אַ אָבְּגְרוּנְד! פוּן יֶענֶער מִינוּט הָאבּ אִיךְ אַ נֶדֶר גֶעטְהוּן אוֹיסְהֵיילֶען דִיךְ. כְּ׳הָאבּ דִיר גֶעגֶעבֶּען אַ עֵצָה צוּ אַרְבֵּייטֶען, לִיעבֶּען, גְלוֹיבֶּען אִין דֶעם לֶעבֶּען; כְּ׳בִּין גֶעוֶוען פֶּעסְט אִיבֶּערְצַייגְט, אַז דָאס לֶעבֶּען וֶועט דִיר גֶעבֶּען פְרִיעדֶען אוּנ גֶעזוּנְד... צוּלִיעבּ דֶעם הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעשְׁלֶעפְּט אַהֶער אִין אוּנְזֶער פַאמִילְיֶע. דוּ הָאסְט דִיךְ אַיינְגֶעשְׁפַּארְט, נִיט גֶעוָואלְט גֶעהֶען, אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דִיךְ צוּגֶעהַאלְטֶען אוּנ נִיט אָפְּגֶעלָאזְט. אִין דִיר אִיז צוּרִיק אוֹיפְגֶעוֶועקְט גֶעוָוארֶען דֶער חֵשֶׁק צוּם לֶעבֶּען, בִּיסְט צוּרִיק גֶעוָוארֶען אַ מֶענְשׁ אוּנ אַ אַרְבֵּייטֶער — אוּנ אִיךְ בִּין גֶעוֶוען אִיבֶּערְגְלִיקְלִיךְ. כְּ׳וָואלְט גֶעשֶׁענְקְט מַיין לֶעבֶּען, אַבִּי דַיין גֶענֶעזוּנְג זָאל זַיין גַאנְץ... נוּ, יֶעצְט בִּין אִיךְ מְקַיֵים מַיין נֶדֶר, גִיבּ דִיר אָפּ אַלְס וָואס אִיךְ פַארְמָאג, ווַייל מַארִי אִיז פַאר דִיר נֶעטְהִיג — זִי אַלֵיין וֶועט דִיךְ רַאטֶעוֶוען.

פְּיֶער הָאט נָאךְ אַלְץ נִיט גֶעוָואלְט נָאכְגֶעבֶּען אוּנ גֶעפְּרִיבְּט עֶנְטְפֶערֶען, אָבֶּער גִילְיָאם הָאט אִיהם נִיט גֶעלָאזְט רֶעדֶען.

— שְׁפַּאר מִיךְ נִיט אִיבֶּער, דָאס אִיז גֶעווִיס, אַז אוֹיבּ זִי וֶועט נִיט עֶנְדִיגֶען דָאס, וָואס אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהֵייבֶּען, בְּלַייבְּט מַיין גַאנְצֶע אַרְבֵּייט אוּמְזָאנְסְט: דוּ וֶועסְט ווִיעדֶער וֶוערֶען אַ פֶערְפַאלְלֶענֶער, צוּבְּרָאכֶענֶער מֶענְשׁ. מַארִי אִיז פַאר דִיר נֶעטְהִיג. אָדֶער ווִילְסְטוּ, אִיךְ זָאל דִיךְ אוֹיפְהֶערֶען לִיעבֶּען? — נָאכְדֶעם אַז אִיךְ הָאבּ אַזוֹי הֵיים גֶעגַארְט, דוּ זָאלְסְט צוּרִיקְקֶעהרֶען צוּם לֶעבֶּען, קֶענְן אִיךְ דֶען צוּנֶעהמֶען פוּן דִיר דַיין אָטְהֶעם, דַיין זֶעעלֶע, וֶועלְכֶע וֶועט דִיךְ מַאכֶען פַאר אַ מַאנְסְפֶּערְזָאן? אִיךְ לִיעבּ אַייךְ בֵּיידֶען אוּנ קֶענְן נִיט אַנְדֶערְשׁ ווִי אַיינְווִילְלִיגֶען אוֹיף דֶער זַאךְ, וָואס וֶועט אַייךְ בֵּיידֶען בְּרֶענְגֶען גְלִיק. אוֹיסֶער דֶעם, ווֵייס דִי מוּטֶער־נַאטוּר וָואס זִי טְהוּט. דֶער אִינְסְטִינְקְט, דֶער נַאטוּר־גֶעפִיהל, הָאט קֵיין טָעוּת נִיט, עֶר פִיהרְט שְׁטֶאנְדִיג צוּם גוּטֶען, צוּם רִיכְטִיגֶען צִיעל. אִיךְ וָואלְט גֶעוֶוען אַ קְלָאגֶעדִיגֶער מַאנְן; בֶּעסֶער לָאז מִיךְ שׁוֹין בְּלַייבֶּען אַ אַלְטֶער גֶעלֶעהרְטֶער. אָבֶּער מִיט דִיר, וָואס אִיז נָאךְ יוּנְג, ווַארְט אוֹיף אִיהר אַ צוּקוּנְפְט, דִי בְּרָכָה פוּן קִינְדֶער, אַ פְרוּכְטְבַּארֶעם אוּנ גְלִיקְלִיכֶעם לֶעבֶּען.

פְּיֶער הָאט אַ צִיטֶער גֶעגֶעבֶּען; ס׳הָאט אִיהם ווִיעדֶער אָנְגֶעהַאפְּט זַיין שְׁטֶאנְדִיגֶע מוֹרָא פוּן שְׁוַואכְקֵייט. זַיין לַאנְגֶער שְׁטַאנְד אַלְס גַייסְטְלִיכֶער הָאט דָאךְ אִיהם אָפְּגֶעריסֶען פוּן לֶעבֶּעדִיגֶע מֶענְשֶׁען...; זַיין מֶאננִישֶׁער קְרַאפְט הָאט גֶעקֶענְט אוֹיסְטְרִיקֶענֶען דוּרְךְ דֶעם לַאנְגֶען, אָבְּגֶעשֵׁיידְטֶען, אַיינְגֶעהַאלְטֶענֶעם לֶעבֶּען.

— בִּין אִיךְ דֶען וֶוערְטְה צוּ הָאבֶּען אַ פְּרוּכְטְבַּארֶעס אוּנ גְלִיקְלִיכֶעס לֶעבֶּען? — הָאט עֶר שְׁטִילל גֶעזָאגְט — אַךְ, וֶוען דוּ זָאלְסְט ווִיססֶען ווִי מִיךְ שוידֶערְט בַּיים גֶע־דַאנְקֶען אַז, סְ׳קֶענְן זַיין, אִיךְ בִּין גָאר נִיט וֶוערְטְה אַזַא וואוּנְדֶערְלִיכֶע זֶעלְטֶענֶע פְרוי, פוּן וֶועלְכֶען דוּ זָאגְסְט דִיךְ אָפּ צוּלִיעבּ מִיר! דוּ בִּיסְט בֶּעססֶער פוּן מִיר, דוּ וָואלְסְט אִיהר גֶענֶעבֶּען אַ בְּרֵייטֶערֶען הַארְצֶען, אַ שְׁטַארְקֶערֶען שֵׂכֶל, אוּנ וָואלְסְט גֶעוֶועזֶען אִין אֶמֶת׳ן אַ יוּנְגֶערֶער אוּנ שְׁטַארְקֶערֶער מַאנְן ווִי אִיךְ. סְ׳אִיז נָאךְ צַייט, בְּרוּדֶער. זָאג דִיךְ נִיט אָפּ פוּן אִיהר, לָאז זִי פַאר דִיר, אויבּ מִיט דִיר וֶועט זִי זַיין מֶעהְר גְלִיקְלִיךְ, פְּרוּכְטְבַּאר אוּנ גֶעלִיעבְּט... בֶּעטְרַאכְט נָאר גוּט. אִיהר גְלִיק אִיז דָאס ווִיכְטִיגְסְטֶע אוּנ אִיךְ בִּין מְסוּפָּק אויבּ אִיךְ וֶועל זִי קֶענֶען גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען. לָאז זִי בְּלַייבֶּען פַאר דֶעם, וֶוער עֶם לִיעבְּט זִי מֶעהְר.

בֵּיידֶע מַאנְסְפֶּערְזָאנֶען זַיינֶען גֶעוָוארֶען שְׁטַארְק אויפְגֶערֶעגְט. דֶערְהֶערֶענְדִיג דֶעם בְּרוּדֶערְס וֶוארְטֶער אַז עֶר הָאט מוֹרָא, פִּיעלַייכְט הָאט עֶר קֵיין כֹּחַ נִיט, אִיז גִילְיָאם אַ וַויילֶע אָפְּגֶעגְדִיג גֶעוָוארֶען. זַיין הַארְץ אִיז צוּרִיססֶען גֶעוָוארֶען אויף שְׁטִיקֶער אוּנ פוּן מוֹיל אִיז אַרויסְגֶעפְלוֹיגֶען אַ פֶערְצְוֵוייפֶעלְטֶער זִיפְץ:

— אַךְ מַארִי, ווִי לִיעבּ הָאבּ אִיךְ זִי! אִיךְ פִיהל אַז כְ׳וָואלְט זִי גֶעקֶענְט גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען.

פְּיֶער אִיז צוּ אִיהם צוּגֶעפַאללֶען מִיט אַ אויסְגֶעשְׁרַיי:

— אָט זֶעהְסְטוּ, דוּ פַארְגֶאטְטֶערְסְט זִי נָאךְ אַלְץ אוּנ קֶענְנְסְט דִיךְ נִיט אָפְּזָאגֶען פוּן אִיהר. לָאז מִיךְ אָפּ! לָאז מִיךְ אַוֶועקְגֶעהֶען!

— בְּלַייבּ!... נִיט אִיךְ חָאבּ דָאךְ דָאס גֶערֶעדְט, נָאר יֶענֶער אַנְדֶערֶער, וֶועלְכֶער שְׁטַארְבְּט אָפּ אִין מִיר, וָועלְכֶער אִיז שׁוֹין אָפְּגֶעשְׁטָארְבֶּען. אִיךְ שְׁוֶוער דִיר מִיטְ׳ן אָנְדֶענְקֶען פוּן אוּנְזֶער פָאטֶער אוּנ אוּנְזֶער מוּטֶער, אַז מַיין קָרְבָּן הָאבּ אִיךְ שׁוֹין גֶע־בְּרַאכְט, אוּנ יֶעצְט וֶועט אִיהר מִיר גוֹר שַׁאפֶען יְסוּרִים, אויבּ אִיהר וֶועט נִיט נֶעהְמֶען פוּן מַיין הַאנְד אַייעֶר גְלִיק.

מִיט טְרֶערֶען הָאבֶּען בֵּיידֶע בְּרִידֶער זִיךְ שְׁטַארְק אַרוּמְגֶענוּמֶען אוּנ אַ לַאנְגֶע צַייט זִיךְ נִיט גֶעקֶענְט אָפְּרַייסֶען אֵיינֶער פוּן אַנְדֶערֶען. נָאךְ קֵיינְמָאל זַיינֶען זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער נִיט גֶעוֶוען אַזוֹי עֶנְג צוּזַאמֶענְגֶעגָאססֶען ווִי יֶעצְט. דֶער עֶלְטֶערֶער הָאט אָפְּגֶעגֶעבֶּען זַיין לֶעבֶּען דֶעם יוּנְגֶערֶען אוּנ דֶער יוּנְגֶערֶער הָאט אִיהם בֶּעצָאהלְט מִיט אַלְץ, ווָאס עֶר הָאט נָאר גֶעקֶענְט גֶעפִינֶען בַּיי זִיךְ אִין הַארְצֶען דָאס אֵיידֶעלְסְטֶע, צָארְטְלִיכְסְטֶע. דֶער אוֹיגֶענְבְּלִיק הָאט זֵיי אויסְגֶעווִיזֶען ווִי אַ עֶבִּיגְקַייט אוּנ זֵיי הָאבֶּען גֶעפִיהלְט אַ גֶעטְלִיכֶע פְרֵייד. אַללֶע יְסוּרִים, אַללֶע צָרוֹת פוּן דֶער וֶועלְט זַיינֶען פֶערְשְׁוואוּנְדֶען — סְ׳אִיז נָאר גֶעבְּלִיעבֶּען זֵייעֶר פַייעֶרִיגֶע לִיעבֶּע, פוּן וֶועלְכֶען עֶס קוֶועלְט וַוייטֶער לִיעבֶּע, ווִי דִי זוּנְן בְּרֶענְגְט לִיכְטִיגְקַייט. דִיעזֶער אוֹיגֶענְבְּלִיק הָאט זֵיי בֶּעלאוֹהְנְט פַאר אַללֶע בְּרֶארֶען אִין דֶער פֶערְגַאנְגֶענֶער אוּנ צוּקִינְפְטִיגֶער צַייט.

אִין דֶער מִינוּט אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען מ א ר י. גִילְיָאם הָאט זִיךְ אַרויסְגֶערִיססֶען פוּן בְּרוּדֶערְס אָרֶעם, צוּגֶעפִיהְרְט מ א ר י׳ן אוּנ גֶעצְוואוּנְגֶען דִי יוּנְגֶע לַייט, זֵיי זָאלֶען

געבען איינער דעם אנדערען די האנד. אנפאנגס האט זי געפרובט זיך וועהרען, ציין איינגעשפארט און ניט געהמען צוריק דאס געגעבענע ווארט. אבער וואס קענן זי מא־כען קעגען די צוויי מאנספערזאנען, וועלכע זי האט געטראפפען פערוויינטע, ארומ־געארעמט מיט ברידערליכער אחדות? זייערע ארומארמונגען זיינען שטארקער פון אללע איהרע ווערטער, אללע טענות. דאך האט מארי ניט געהאט קיין מוטה צו געבען א ענטפער און האט געקוקט אויף ביידען מיט איהרע גרויסע, פיינע, מיט טרערען אנגעלאפענע אויגען.

ענדליך איז גיליאמען איינגעפאללען א געדאנקען ארויסלויפען פון מייסטער־שטוב און פון די טרעפ רופען דער שוויגער:

— באבוניו! באבוניו! קומט אהער געשווינדער, מען בעדארף אייך נאטהיג.

ווען די אלטע האט זיך בעוויזען א בלאססע, א דיענע, אין איהר שווארצען קלייד, מיט דעם אנבליק פון א קייזערין־אלמנה, וועלכער אללע זיינען אונטערגעגעבען, האט גיליאם זיך גלייך געווענדעט צו איהר:

— ערקלערט איהר די קינדער, אז זיי בלייבט ניט קיין אנדער זאך נאר חתונה האבען, זאגט זיי, אז איך האב שוין מיט אייך וועגען דעם איבערגעשמועסט און דאס איז אויך אייער פערלאנג, אייער וויללען.

זי האט רוהיג א שאקעל געגעבען מיט'ן קאפ, צום צייכען אז זי איז מסכים.

— ס'איז אמת, אזוי וועט זיין אם קליגסטען.

מארי איז איהר געפאללען אויפ'ן האלז. זי איז מרוצה געווארען און זיך איבער־געגעבען דעם שיקזאל, וועלכער רעגירט מיט איהר לעבען... גיליאם האט פער־לאנגט, מען זאל טאקי באלד בעשטימטען דעם טאג פון דער חתונה און צוגרייטען אויבען, אויפ'ן ערשטען עטאזש, א וואהנונג פאר די יונגע לייט. פ י ע ר האט אונ־רוהיג א קוק געגעבען אויף איהם און אנגעהויבען זאגען, אז עס איז אפשר בעססער מאכען נאך דער האכצייט א רייזע, ווייל ער האט מורא געהאט, פיעלייכט איז דער ברודער נאך ניט אין גאנצען רוהיג און וועט האבען יסורים ווען זיי וועלען וואהנען ביי איהם אין הויז. אבער גיליאם האט אויסגעשריען:

— ניין, ניין! איך וועל אייך ניט אפלאזען. איך האב עקסטרא בעשטעללט אייער חתונה, כדי איהר ביידע זאלט ביי מיר זיין שטאנדיג אין הויז... וועגען מיר זייט ניט אונרוהיג. איך האב אזוי פיעל בעשעפטיגונג! איך וועל ארבייטען.

אין אווענד, ווען ט א ם און פ ר א נ ס ו א האבען זיך דערוואוסט די נייעס, האבען זיי זיך ניט זעהר געוואונדערט. וואהרשיינליך האבען די קינדער נאך פריהער געוואוסט, אז אזוי וועט זיין די ענדע, און קוים זאגט דאס דער פאטער זעלבסט, מיט זיין געוועהנליכער רוהיגקייט, בעדארפען זיי שווייגען און קיין איינציגעס ווארט ניט בעמערקען. נאר א נ ט ו א ן, וועלכער האט געהאט א הייסערען בעגריף וועגען ליעבע און פרויענצימער, האט א אונרוהיגער און צווייפעלדיגער א קוק געגעבען אויפ'ן פאטער, וואס האט געהאט אזוי פיעל גבורה, ארויסרייסען פון זיך לעבענדיג

דאס הארץ. וועט ער דען קענגען איבערלעבען? אנטואן האט ארומגענומען דעם פאטער מיט היץ אונ די צוויי ברידער האבען איהם נאכגעטהון אונ געקושט דעם פאטער מיט'ן גאנצען הארצען. גיליאם האט מיט פייכטע אויגען געשמייכעלט, דער־וואַרעמט פון דער קינדערשער ליעבע.

אין דעם זעלבען אָווענד האט גיליאם געהאט אַ איבעררַאשונג. ס'איז שוין גע־וואָרען טונקעל אויפ'ן גאס. ער האט גענומען זיינע פּאפּירען, צייכנונגען אונ פּלאַנען פון זיין ערפינדונג, צולעגט אויפ'ן טיש אונ געוואָלט מאַכען אין זיי אַ אָרדנונג. פּלוצלינג איז אין הויז אַריינגעקומען בערטעוא, זיין לעהרער אונ פריינד. דער בעריהמטער חעמיקער פלעגט צייטענווייז קומען איהם בעזוכען. ביי גיליאמען איז זעהר טהייער געווען די עהרע וואס איהם בעווייזט דער 70־יאהריגער מאַן, וועלכער איז אַזוי בעריהמט, מיט גרויסע טשינען, בעהאנגען מיט מעדאַליען. דאך היינטיגעס מאל האט גיליאם געפיהלט, אַז בערטערואַ איז געקומען אַהער נור פון נייגיער, אונ דארום איז ער צורודערט געוואָרען אונ גענומען געשווינד אַראָפּקלייבען פון טיש די פּאפּירען מיט די צייכנונגען.

— האט קיין מורא ניט — האט געזאגט פרעהליך אונ חיטרע בערטערואַ — איך בין ניט געקומען אויסקונדיגען אייערע סודות... לאזט אַלסדינג ליעגען אויפ'ן טיש, איך פארשפּרעך אייך, קיין זאך ניט לעזען.

בכונה האט ער געמאכט אַ רעדע פון די רייסענדע מאַטעריאַלען, איבער וועל־בע ער האט אויך שטודירט מיט גרויס פלייס. ער האט געמאכט נייע ענטדעקונגען אונ זיי ניט בעהאלטען פאר קיינעם. אגב האט ער ערצאהלט, ווי מען האט זיך מיט איהם בעראטהען בשעת ס'איז געווען סאלוואס פּראצעס. ער פאנטאזירט שטאנדיג צו ערפינדען אַ מאטעריאל וואס זאל האבען אַ שרעקליכען כח צו צורייסען, אונ נאכ־דעם וועט ער פרובען רעגירען מיט'ן מאטעריאל, מאכען איהם פאר אַ אונטערטהעני־גען קנעכט צום מענשליכען געברויך.

שמייכלענדיג האט ער צוגעגעבען:

— איך ווילל מיר ניט ברעכען דעם קאפּ צו טרעפען, וואו דער משוגענער האט געקריגען זיין פולווער. נאר אויב איהר וועט אַ מאל טרעפען ווי יענער שרעק־ליכער פולווער ווערט געמאכט, זאלט איהר וויסען, אַז אין איהם ליעגט די גאנצע צוקונפט, דהיינו: מען זאל די רייסענדע מאטעריאלען בענוצען פאר אַ כח צו בע־וועגען מאשינען. מחשבות'ן וועגען סאלוואן — איהם הרגע'ט מען איבערמארגען. ביי מיר איז דא אַ גוטער פריינד אין יוסטיץ־מיניסטעריום, אונ ער האט מיר דאס געזאגט.

דערהערענדיג די נייעס איז גיליאם אויפגעבראכט געוואָרען.

— דאס וועט זיין אַ רציחה! — האט ער אויסגעשריען מיט היץ.

בערטערואַ האט אַ ציה געגעבען די אַקסלען.

— וואס זאל מען טהון? ביי אונז איז פאראן אַ געזעללשאפט אונ זי שיצט זיך,

וֶוען מֶען בֶּעפַאלְט אויף אִיהר... אונ בֶּאֱמֶת זַיינֶען דִי אַנַארְכִיסְטֶען גְרויסֶע נַארָאנִים, אויב זֵיי מֵיינֶען אִיבֶּערְמַאכֶען דִי וֶועלְט מִיט זַייעֶרֶע בָּאמְבֶּעס. נור דִי וִויססֶענְשַׁאפְט קֶענֶען בְּרֶענְגֶען גְלִיק אונ פְרִיעדֶען אויף דֶער עֶרְד.

מִיט דֶער הַאנְד הָאט בֶּערְטֶערוֹא אָנְגֶעוִויזֶען אויף פַּארִיז, הִינְטֶער וֶועלְכֶען ס'אִיז יֶעצְט אונְטֶערְגֶעגַאנְגֶען דִי בְּלַאססֶע זוּנְן.

— אִיהר הֶערְט ווִי עֶס הִילְכְט? דָאס הַאלְטֶען מִיר דָאךְ שְׁטֶאנְדִיג אונְטֶער דֶעם פַייעֶר, לֶעגֶען פְרִישֶׁע הֵייצונְג אונְטֶערְן גְרויסֶען קֶעססֶעל. דִי וִויססֶענְשַׁאפְט הֶערְט אֲפִילוּ אֵיין אֵיינְצִיג שָׁעָה נִיט אויף אִיהר אַרְבֵּייט, זִי בֶּעשַׁאפְט פַּארִיז אונ פַּארִיז וֶועט בֶּעשַׁאפֶען דִי גְלִיקְלִיכֶע צוּקוּנְפְט. מֶען בֶּעדַארְף הָאפֶען... אַלֶע אִיבְּרִיגֶע קוּנְצֶען זַיינֶען בְּלָאטֶע!

---

## V.

גִילְיָאם הָאט דוּרְכְאויס גֶעוָוּאלְט זַיין בְּשַׁעַת מֶען וֶועט סַאלְוַואן טֶארְטֶען, אונ פְּיֶער הָאט גֶעמוּזְט נָאכְגֶעבֶּען, גֶעהְן מִיט אִיהם פַארְטָאג אִין דִי אָרִימֶע, פִינְסְטֶערֶע גַאססֶען פוּן פַּארִיז, וואו, נִיט וַוייט פוּן גֶעפֶאנְגְנִים, אִיז גֶעוֶוען אויפְגֶעשְׁטֶעלְט דִי גִילְיָאטִינָא (מַאשִׁין אָפְּהַאקֶען דֶעם קָאפּ).

אונ דִי צְוֵויי בְּרִידֶער הָאבֶּען גֶעזֶעהְן דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע סְצֶענֶע, ווִי מֶען הָאט דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען אַרויסְגֶעפִיהְרְט פוּן גֶעפֶאנְגְנִים, גֶעבּוּנְדֶען הֶאנְד אונ פִים, אַרויפְגֶעוָוארְפֶען אויפְ'ן בְּרֶעט ווִי אַ ווִילְדֶע חַיָה אונ דֶער שַׁארְפֶער מֶעססֶער הָאט אִין אַ סֶעקוּנְדֶע אָפְּגֶעהַאקְט זַיין קָאפּ.

דִי אוּנֶערְבַּארֶעמְדִיגֶע סְצֶענֶע הָאט גֶעמַאכְט אויף גִילְיָאמֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען אַיינְדְרוּק אונ פוּן דַאמָאלְס אָן אִיז עֶר אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אַ פֶערְטְרַאכְטֶער, אַ פֶערְחְמוּרֶעטֶער. גַאנְצֶע שָׁעָה'ן אִיז עֶר גֶעזֶעססֶען אונ גֶעמַאכְט זַיין גֶעפֶאהְרְלִיכֶען פוּלְוֶוער, נַאנְצֶע בֶּערְג, אונ נָאכְדֶעם פְלֶעגְט עֶר עֶרְשְׁט פֶערְשְׁוואוּנְדֶען וֶוערֶען אונ קוּמֶען צוּרִיק אַ מִיעדֶער, אָהְן כֹּחוֹת.

אֵיינְמָאל הָאט פְּיֶער בֶּעמֶערְקְט, ווִי גִילְיָאם אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אונ מִיטְגֶעטְרָאגֶען אַ פוּלֶען טְשֶׁעמָאדַאן. וָואס אִיז דָארְט אָנְגֶעפַּאקְט אונ וָואהִין טְרָאגְט עֶר דָאס?

בַּאלְד אָבֶּער אִיז אִיהם אַלְץ עֶרְקְלֶערְט גֶעוָוארֶען אונ עֶר אִיז גֶעבְּלִיעבֶּען ווִי פוּן אַ דוּנֶער דֶערְשְׁלָאגֶען.

אֵיין טָאג, אַרַיינְקוּמֶענְדִיג אִין מַייסְטֶער־שְׁטוּבּ, הָאט עֶר גֶעפוּנֶען גִילְיָאמֶען אַלֵיין מִיט דֶער אַלְטֶער שְׁווִיגֶער אונ גִיט ווִילְלֶענְדִיג הָאט עֶר גֶעהֶערְט זַייעֶר גֶעשְׁפְּרֶעךְ. גִילְיָאם הָאט מִיט טְרֶערֶען זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט מִיט דֶער בָּאבּוּנְיוּ אויף עֶבִּיג. הַיינְט אִיז אִין דֶער גְרויסֶער קִירְכֶע אויף מָאנְמַארְטְר אַ פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן טויזֶענְדֶער מֶענְשֶׁען אונ הַיינְט, פּוּנְקְט אוּם זַייגֶער פִיער, וֶועט עֶר אויספִיהְרֶען זַיין פְלַאן.

פְּיֶער הָאט זִיךְ פַארְשְׁטֶעקְט אוּנ הָאט שׁוֹין דִי גַאנְצֶע צַייט נֶעהִיטֶט דֶעם בְּרוּדֶער, נָאכְגֶעגַאנְגֶען וואוּהִין עֶר גֶעהְט, אוּנ אַזוֹי אִיז עֶר שְׁטִילל אַרַיין נָאךְ אִיהם דוּרְךְ אַ פֶּערְבָּארְגֶענֶעם וֶועג אִין דִי קֶעללֶערְן פוּן [illegible]בֶע, וואוּ ס׳אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעזַאמְעֶלְט פִיעל פּוּלְוֶוער אוּנ גִילְיָאם אִיז גֶעוֶוען [illegible] אוּנְטֶערְצִינְדֶען דֶעם פּוּלְוֶוער, צוּרַייסֶען זִיךְ אוּנ דִי קִירְכֶע מִיט אַללֶע מֶענְשֶׁען, זִיךְ נוֹקֵם זַיין פוּן דֶעם פַארְדָארְבֶּענֶעם פַּארִיז, וואוּ אָרִימֶע לַייט מוּזֶען שְׁטַארְבֶּען פַאר הוּנְגֶער אָדֶער גֶעהַרְגֶעט וֶוערֶען אוֹיף דֶעם עֶשַׁאפָאט...

פִּיעל מִיהֶע אוּנ טְרֶערֶען הָאט גֶעקָאסְט פְּיֶער׳ן אָפְּהַאלְטֶען דֶעם בְּרוּדֶער פוּן ווִילְדֶען, שְׁרֶעקְלִיכֶען פְּלַאן. אִין כַּעַס וָואס מֶען שְׁטֶערְט אִיהם, הָאט גִילְיָאם זָאגַאר גֶעוָוארְפֶען דֶעם בְּרוּדֶער אוֹיפְ׳ן קָאפּ אַ גְרוֹיסֶען שְׁטֵיין; פוּן קְלַאפּ אִיז פְּיֶער אוּמְגֶעפַאללֶען ווִי טוֹידְט, אוּנ עֶרְשְׁט דַאמָאלְס הָאט גִילְיָאם אַיינְגֶעזֶעהְן וָואס מִיט אִיהם גֶעהְט פָאר, זַיין הַארְץ אִיז גֶעבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען, אוּנ דֶערְזֶעהֶענְדִיג אַז פְּיֶער לֶעבְּט, הָאט עֶר אִיהם גֶעחַאפְּט קוּשֶׁען אוּנ גֶעשְׁוָוארֶען, אַז יֶעצְט וֶועט עֶר שׁוֹין אַוֶועקוַוארְפֶען דִי ווִילְדֶע פְּלֶאנֶער, דוּרְךְ וֶועלְכֶע עֶר אִיז שִׁיעֶר גֶעוָוארֶען ווִי קַיִן, גֶעוָואלְט טוֹידְטֶען דֶעם אֵייגֶענֶעם בְּרוּדֶער. עֶר וֶועט שׁוֹין יֶעצְט לֶעבֶּען אוּנ אַרְבֵּייטֶען אוּנ זַיין צוּפְרִיעדֶען.

* * *

אֶ יָאהְר מִיט דְרַיי מָאנַאטֶען זַיינֶען אַרִיבֶּער. אִין אַ לוֹיטֶערֶען טָאג אִין סֶעפְּטֶעמְבֶּער, הָאט גִילְיָאם מִיט דֶער פַאמִילְיֶע גֶעפְרִיהשְׁטִיקְט אִין זַיין מַייסְטֶער-שְׁטוּבּ, פוּן וַואנֶען מֶען הָאט אַרוֹיסְגֶעזֶעהְן גַאנְץ פַּארִיז.

נִיט וַוייט פוּן טִישׁ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ ווִיעגֶעל מִיט פַארְקַאטְשֶׁענֶע פָארְהַאנְגֶלֶעךְ אוּנ אִינְוֶוענִיג אִיז גֶעשְׁלָאפֶען זְשַׁאן, אַ גְרָאבִּינְקֶער קִינְד, אַלְט פִיער מָאנַאט — פְּיֶערְ׳ס אוּנ מַארִי׳ס קִינְד. דִי יוּנְגֶע לַייט הָאבֶען גֶעמוּזְט צוּלִיעבּ מְהוּן גִילְיָאמֶען, וֶועלְכֶער הָאט פֶערְלַאנְגְט צוּ פַארְגְרֶעסֶערֶען אַרוּם זִיךְ דִי פַאמִילְיֶע. אוּנ הָאבֶּען נָאךְ דֶער חֲתוּנָה זִיךְ בֶּעזֶעצְט דָא, אִין דֶער קְלֵיינֶער קְוַוארְטִיר אִיבֶּער דֶער מַייסְטֶער-שְׁטוּבּ, אוּנ דָאס הוֹיז אִין נֵיילִי גֶעלָאזְט פּוּסְט, אַיינְגֶעשְׁלֶאפֶּען אוּנ פֶערְאֵיינְזַאמְט, אוּנְטֶער דֶער הַשְׁגָחָה פוּן דֶער אַלְטֶער דִיענְסְט סָאפִי. דָאס לֶעבֶּען אִיז גֶעפְלָאסֶען רוּהִיג אוּנ גְלִיקְלִיךְ. שׁוֹין בַּאלְד אַ יָאהְר אַז זֵיי גֶעהֶערֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען.

אַרוּם דֶער קְלֵיינֶער פַאמִילְיֶע הָאט גֶעהֶערְשְׁט פְרִיעדֶען, לִיעבֶּע אוּנ אַרְבֵּייט: פְּרַאנְסוּאַ, וֶועלְכֶער הָאט נָאר-וָואס גֶעעֶנְדִיגְט דֶעם קוּרְס אִין דֶער נָארְמַאל-שׁוּלֶע, הָאט בֶּעקוּמֶען אַללֶע דִיפְּלָאמֶען פוּן אַ גֶעלֶעהְרְטֶען מַאנְן, אוּנ זִיךְ גֶעקְלִיבֶּען אַוֶועקפָאהְרֶען אִין אֵיינֶע פוּן דִי פְּרַאנְצֶאזִישֶׁע שְׁטֶאדְט, וֶוערֶען אַ פְּרָאפֶעסָאר.

אַנְטוּאַן הָאט גֶעהַאט אַ שְׁטַארְקֶע פְּעוּלָה אִין זַיין קוּנְסְט אוּנ אוֹיסְגֶעקְרִיצְט אוֹיף הָאלְץ פִיעל וֶועלְטֶענֶע בִּילְדֶער, וֶועלְכֶע שְׁטֶעללֶען פָאר פֶערְשִׁיעדֶענֶע סְצֶענֶעס פוּן פַּארִיזֶער לֶעבֶּען. עֶר הָאט זִיךְ גֶעקְלִיבֶּען אוֹיף פְרִיהלִינְג חֲתוּנָה הָאבֶען מִיט לִיזַא׳ן, דֶעם סְקוּלְפְּטָאר זְשַׁאהַאנְ׳ס שְׁוֶועסְטֶער, וֶוען אִיהר וֶועט וֶוערֶען אַכְצֶעהְן יָאהְר. נָאר דֶער גְרֶעסְטֶער מוּצְלַח פוּן אַללֶע דְרַיי זִיהְן אִיז גֶעוֶוען טָאם, וֶועלְכֶער הָאט

סוף כָּל סוף געֶענְדִיגט דִי עֶרְפִינְדוּנג פוּן אַ קְלֵיינֶעם מָאטָאר, בֶּענוּצֶענְדִיג דֶעם פָּאטֶערְם אַ אֵיינְפַאל. אַיינְמָאל אִין דֶער פְרִיה, אַ קוּרְצֶע צַייט נָאכְדֶעם וִוי דֶער בְּרוּ־דֶער הָאט אִיהם אֶפְּגֶעהַאלְטֶען נִיט צוּרַייסֶען דִי קִירְכֶע מִיט דִי טוּיזֶענְדֶער מֶענְשֶׁען, אִיז אִיהם פְּלוּצְלִינג אַיינְגֶעפַאלֶען אִין קָאפּ, בֶּענוּטְצֶען דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען פּוּלְוֶוער פַּאר אַ בֶּעוֶועגוּנְגס־קְרַאפְט, צוּ בֶּעוֶועגֶען דֶעם קְלֵיינֶעם מָאטָאר, וָואס מָאם אַרְבֵּייט אִיבֶּער אִיהם שׁוֹין אַזוֹי לַאנג פַּאר גְרַאנְדִידְיֶעס פַאבְּרִיק. גִילְיָאם הָאט זִיךְ גֶע־נוּמֶען צוּ דֶער אַרְבֵּייט צוּזַאמֶען מִיט'ן זוּהְן, גֶענוּמֶען אוֹיסטְרַאכְטֶען אַ נַייעֶם מֶעטָא־גִיזְמוּס, בֶּעגֶעגֶענְט פִיעל שְׁווִירִיגְקַייטֶען, אָבֶּער עֶנְדְלִיךְ הָאבֶּען זַיי גֶעפוּנֶען וָואס זַיי בֶּעגֶעהְרֶען: יֶעצְט שְׁטֶעהְט דִי מַאשִׁין אַ פַארְטִיגֶע פַאר'ן פֶּענְסְטֶער אוֹיף אַ דֶעמְבֶּענֶעם פָאסְטַאמֶענְט!

* *
*

אִין הַייזֶעל, וֶועלְכֶעס אִיז יֶעצְט אַזוֹי פְרֶעהלִיךְ אוּנ רוּהִיג, הָאט דִי אַלְטֶע בָּאבּוּנִיו אוֹיךְ יֶעצְט רֶעגִירְט אוּנ אַלֶּע הָאבֶּען זִי גֶעפָאלְגְט וִוי אַ קֵייזֶערִין. אִיבֶּערַאל אִיז זִי גֶעוֶועזֶען אוּנ אַלְסְדִינג פֶערְזָארְגְט, הֲגַם ס'הָאט אוֹיסגֶעוִויזֶען, אַז זִי גֶעהְט קֵיינְמָאל נִיט אַוֶועק פוּן אִיהר אָרְט בַּיים אַרְבֵּייט טִישׁ. אַז זְשַׁאן אִיז גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען, הָאט זִי פֶערְלַאנְגְט צוּ עֶרְצִיעהֶען אִיהם, אַזוֹי וִוי זִי הָאט עֶרְצוֹיגֶען גִילְיָאמְס דְרַיי זִיהְן: זִי אִיז נָאךְ אַלְץ גֶעוֶוען מוּנְטֶער, שְׁטַארְק אוּנ אִיבֶּער־גֶעגֶעבֶּען מִיט'ן לֶעבֶּען דֶער פַאמִילְיֶע. גְלַייךְ זִי וָואלְט גֶעוֶוען זִיכֶער, אַז זִי וֶועט קֵיינְמָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען, כָּל זְמַן זִי וֶועט הָאבֶּען נָאהֶענְטֶע מֶענְשֶׁען, צוּ פִיהְרֶען זַיי, לִיעבֶּען אוּנ רַאטֶעוֶועט זַיי. מַארִי אִיז עֶרְשְׁטוּינְט גֶעוֶועזֶען פוּן אִיהר מוּנְטֶערְקַייט — זִי אַלֵיין הָאט מַאנְכֶעס מָאל גֶעפִיהְלְט אַ מִיעדְקַייט, בִּפְרַט צַייט זִי זֵיינְט דָאס קִינְד אָבְוָואהְל זִי הָאט גֶעבְּלִיהְט אִין גֶעזוּנְט אוּנ שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶוען פְרֶעהלִיךְ.

אוֹיף אַזַא אוֹפֶן אִיז בַּיי זְשַׁאנ'ס וִויעגֶעלֶע גֶעוֶוען צְוַויי גֶעטְרַייעֶ מִיטֶער, אוּנ דֶערְוַוייל אִיז פְּיֶער גֶעוָוארֶען טָאמְס אַ הֶעלְפֶער, פְלֶעגְט צוּבְלָאזֶען מִיט'ן בְּלָאזַאק דָאס פַייעֶר אוֹיפ'ן אוֹיוֶועלֶע פוּן קוּזְנֶע, גֶעמַאכְט חֲלָקִים אוּנ גְלִיעדֶער פוּן מַאשִׁינֶעס אוּנ זִיךְ גֶעלֶערְנְט זַיין אַ מֶעחַאנִיק.

הַיינְט בַּיים פְרִיהשְׁטִיק אִיז פְּיֶער גֶעזֶעסֶען אַ פֶערְטְרַאכְטֶער. עֶר אִיז נָאר וָואס גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם אַלְטֶען גַייסְטְלִיכֶען רָאז, וֶועלְכֶער הָאט אִיהם גֶעשִׁיקְט רוּפֶען פַאר'ן טוֹידְט. דִי וִויזִיטֶע בַּיים גַייסְטְלִיכֶען הָאט אִיהם דֶערְמָאנְט דִי אַמָאלִיגֶע צַייט, וֶוען עֶר אִיז נָאךְ אַלֵיין גֶעוֶוען אַ גַייסְטְלִיכֶער אוּנ זִיךְ גֶעמוּטְשֶׁעט אָהְן אֱמוּנָה, אָהְן כֹּחַ אוּנ אָהְן אַ צִיעל אִין לֶעבֶּען. פְּלוּצְלִינְג אִיז זַיין הַארְץ עֶרְפִילְלְט גֶעוָוארֶען מִיט אַ הִימְלִישֶׁע פְרֵייד. דָאס גֶעשְׁרַיי פוּן זַיין זוּהְן, וֶועלְכֶע הָאט זִיךְ דִי מִינוּט אוֹיפְגֶעחַאפְּט, הָאט אִיהם אוֹיפְגֶעוֶועקְט פוּן זַיין פֶערְטְרַאכְטְקַייט; אַמָאל הָאט עֶר זִיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר אַ פַארְלָארֶענֶעם, אוֹיסְגֶעמֶעקְט פוּן לֶעבֶּען, אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין אַ אָבְגְרוּנְד, אָבֶּער דִי לִיעבֶּע הָאט אִיהם אַרוֹיסגֶעשְׁלֶעפְּט פוּן דָארְטֶען אוּנ עֶר אִיז

גֶעבְּליעבֶּען בַּיי זַיין כּחַ, אַ סִימָן אִיז דָאךְ אָט דָאס קִינְד, דָאס לִיעבֶּע גֶעזוּנְטֶע פְרֶאה־לִיכֶע קִינְד, וָואס אִיז פוּן אִיהם גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען.

אוּים פִינְסְטֶערְנִישׁ, אוּים צָרוֹת. עֶר אִיז גֶערַאטֶעוֶועט, אִיז גְלִיקְלִיךְ, הָאט גֶעפוּנֶען דֶעם רֶעכְטֶען צִיעל פוּן לֶעבֶּען: אַרְבֵּייטֶען אָרֶענְטְלִיךְ, לִיעבֶּען, זַיין אַ גֶעטְרַייעֶר מַאנְן, אַ לִיעבֶּענְדֶער פָאטֶער אוּנ אַ גוּטֶער מֶענְשׁ צוּ מֶענְשֶׁען!

## ענדע

